פארלאג „די נייע יידישע פאָלקסשול"





# די נאשערקע.

א מעשהלע פאַר קינדער.

באַאַרבעט פון

ש. באסטאָמסקי.

סעריע
קינדער־
ליטעראַטור
№ 15.





ווילנע—1921





דרוקעריי בר. ראָזענטאַל, רודניצקער 7.

פאַרלאַג „די נייע יידישע פאָלקסשול"
סעריע „קינדער־ליטעראַטור" № 17.

# די נאַשערקע.

א מעשׂהלע

באַארבעט פון ש. באסטאמסקי.



ווילנע — 1921.

דרוקעריי בר. ראָזענטאַל, רודניצקער 7.

# די נאשערקע.

## א

זומער בייטאָג. די מאַמע האָט זיך צוגעלייגט אָפּרוען. מינע די קעכין איז אַרויף אויפן בוידים. רייזעלע איז פאַר-בליבן איינינקער אַליין אין קיך.

אַריינקומען אין קיך און פאַרבלייבן דאָרט 'א לענגערע צייט—דאָס איז רייזעלעס בעסטער פאַרגעניגן. מינע וויל אַפילו שטאַרק ניט ליידן, וואָס רייזעלע פלאָנטערט זיך איר אונטער די פיס.

און ס'איז טאַקע אמת. אומעטום שטעקט רייזעלע אַריין די נאָז, אין אַלע טעפּלאַך, אין אַלע פענדלאַך, אין אַלע קעסטלאַך, אונטערן באַנק און אויף דער פּאָליצע—אומעטום איז זי פול, אַלץ איז פאַר איר אַ האַנט. רייזעלען אַרט אָבער ווייניק, וואָס מינע קאָכט זיך. זי הערט גאָר ניט, וואָס יענע רעדט. זי איז פאַרטאָן אין דער אַרבעט. זי האַקט, זי באַקט, זי בראָקט, זי קנעט, זי קאָכט. זי איז גליקלאַך. זי איז אַן אמתע באַלעבאָסטע.

היינט איז שוין אָבער נאָך מיטאָג. מינע האָט אויס-געוואַשן, אויסגעפּוצט די קיך, געמאַכט ריין-שיין אין אַלע ווינקעלאַך. רייזעלע ווייס, אַז ווען די קיך איז אויפגעראַמט, טאָר זי קיינזאַך ניט טשעפּן. דאַן טאָר מען זיך מיט מינען בעסער ניט אָנהייבן.

שטייט זיך אַזוי רייזעלע און קוקט און קוקט און קען ניט געפינען קיינזאַך, מיט וואָס זיך צו פאַרנעמען. אונטערן טיש ליגט אַפילו מוציקל—די קאַץ. זי האַלט

אָבער די אויגן צוגעמאַכט, כלומערשט, ווי זי שלאָפט. און אפשר שלאָפט זי טאַקע. ווער ווייס? נאָכן עסן געלוסט זיך יעדערן כאַפּן אַ דרעמל. ווי די מעשה זאָל ניט זיין — רייזע־לען איז אומעטיק, ניטאָ וואָס צו טאָן!...

פלוצלונג באַמערקט רייזעלע גאָר אַן אומגעווינלאַכע זאַך:

— די טיר פון שפּיזאַרנע איז האַלב אָפן. דאָס טרעפט קיינ־מאָל ניט, אַלע מאָל איז די טיר פון שפּיזאַרנע פאַרשלאָסן, און דעם שליסל טראָגט די מאַמע אין קעשענע. היינט האָט זי מסתמא פאַרגעסן צו פאַרשליסן די שפּיזאַרנע. דערזען אַזאַ מין זאַך, ווערט רייזעלע זייער נייגעריק. זי לויפט צו צו דער טיר און קוקט אַריין אין שפּיזאַרנע.

— אַך סאַר אַ פאַרגעניגן ס'איז דאָרטן!...

רייזעלע איז שוין אַפילו ניט איינמאָל געווען אין שפּיזאַרנע, נאָר אַלע מאָל צוזאַמען מיט דער מאַמען אָדער מיט מינען. איצט פאַרווילט זיך רייזעלען מיטאַמאָל כאָטש איינמאָל אָנקוקן אַליין די אַלע אוצרות, וואָס זיינען דאָ באַהאַלטן. זי וועט קיינזאַך ניט טשעפּן. זי וויל נאָר אַ קוק טאָן, און קוקן מעג מען דאָך. אויף דעם וועט זיך די מאַמע ניט בייזערן.

אַ ווײַלע האָט זי נאָך פונדעסטוועגן געטראַכט. זי האָט געוואָרפן אַ בליק אויף מוציקלען. יענע איז נאָך אַלץ געלעגן מיט צוגעמאַכטע אויגן. פלוצלונג האָט רייזעלען אָנגעהויבן אַזוי שטאַרק צו ציען אין שפּיזאַרנע אַריין, אַז זי האָט זיך שוין מער ניט געקענט איינהאַלטן און איז אַריבערגעטראָטן די שוועל. און אַז זי איז אַריין אַהין, האָט זי שוין וועגן קיינעם ניט געטראַכט — ניט וועגן דער מאַמען, ניט וועגן מינען, ניט אַפילו וועגן מוציקלען — זי האָט זיך געוומען

אַרומקוקן און ניט געקאָנט אָפּרייסן די אויגן פון די פּאַלי־צעס. אַזוי פיל סלויעס מיט געפּרעגלאַכץ! אַזוי פיל פלאַשן מיט אָנגעגאָסענעם ווישניק! אָט שטייט אַ קריגל מיט שמאַנט. אָן אין ווינקלע קוקן אַרויס פון קערבעלע רויטינקע בעקע־לאַך פון עפּל. אָט ליגט אַ גרויסע שטיק געפילטע שטרודל מיט אַ ראָזינקע אין זייט.

און די ראָזינקע שטעכט ממש אויס די אויגן...

ביי רייזעלען האָט זיך גענומען גיסן די סליונע פון מויל.—כאָטש עפּעס פאַרזוכן!.. נאָר וואָס טראַכט זי זיך?.. מ׳טאָר ניט! אַ קליינינקייט עפּעס. מער וועט איר ניט פעלן!

און רייזעלע איז געשטאַנען און האָט אַלץ געשלונגען מיט די אויגן. נאָר מיטאַמאָל האָט זיך עפּעס גאָר אומגע־ריכט איר קליין פינגערל אַראָפּגעלאָזן אין טעפּל שמאַנט...

נאָכדעם האָבן די ציינדלאַך אויך עפּעס גאָר ניט ווילנדיק אַראָפּגעביסן די זייטיקע שטיקל שטרודל, אָט טאַקע דאָס אָרט מיט די ראָזינקעס...

די עפּל האָבן דערווייל גענומען ציען צו זיך. גראָד זיינען זיי געווען אַזוי געשמאַק, אַז רייזעלע האָט זיך גאָר ניט געקאָנט אָפּרייסן פון זיי. אַ נס, וואָס דערביי איז גע־שטאַנען די פּושקע מיט די מאַנדעלאַך...

נאָר מיטאַמאָל האָט אַ סקריפּ געטאָן די טיר. רייזעלע האָט זיך זייער דערשראָקן און איז אָפּגעשפּרונגען. דערווייל האָט זי פאַרטשעפּעט דאָס טעפּל מיט די שמאַנט און טרראַך, טאַראַראַך!!!... דאָס טעפּל איז אַראָפּגעפאַלן און צעשפּרונגען געוואָרן אויף פּיצלאַך. די שמאַנט האָט זיך צעגאָסן איבער דר׳ערד...

ווייסט איר, ווער עס האָט געעפנט די טיר? איר מיינט אוודאי די מאַמע אָדער מינע? ניין! דאָס איז געווען מוציקל —קעצל. שטילינקערהייט האָט זי זיך אהער אַריינגעגנבעט. איר האָט זיך אויך פאַרוואָלט אויף דער פריי אָנקוקן די שפּיזאַרנע. און גראָד אין דעם מאָמענט, ווען זי איז אַריינ- געקומען, איז דאָס טעפל מיט די שמאַנט אַראָפּגעפאַלן און באַשפּריצט זי פון קאָפּ ביז די פיס. מוציקל האָט זיך אויך דערשראָקן ניט ווייניקער פון רייזעלען, זי איז דאָך אָבער אַ קאַץ, האָט זי דערלאַנגט איין שפּרונג און איז שוין באַלד ווידער געווען אונטערן טיש און גענומען זיך באַלעקן.

און רייזעלע? וואָס זאָל זי דאָ טאָן? זי איז געשטאַ- נען אַ צעציטערטע און ניט געקאָנט אַראָפּנעמען די אויגן פון דער גרויסער ווייסער אָזערע אויף דער פּאָדלאָגע. ... באַלד קומט אַריין מינע. זי וועט אַלץ דערציילן דער מאַמען, וואָס טוט מען? וויינען?... וועט ניט העלפן! שרייען?... אויך ניט! לויפן צו דער מאַמען בעטן, זי זאָל מוחל זיין? די מאַמע שלאָפט!.. וואַרטן, ביז וואַנען מינע וועט אַריינקו- מען? וועט זי דאָך אויך ניט שווייגן. זי שווייגט קיינמאָל ניט פאַר אַזוינע זאַכן!... און די געדאַנקען האָבן זיך גענומען דרייען ביי רייזעלען אין קעפּל, ווי אַ רעדל.

מוציק איז זיך דערווײַלע געזעסן אונטערן טיש און רואיק זיך געוואַשן, אַקוראַט ווי ס'וואָלט קיינזאַך ניט פּאַסירט.

דאָ איז רייזעלען אַריין גאָר אַ נייער געדאַנק: „איך וועל זיך אויך מאַכן, אַז איך ווייס פון קיין מעשה ניט!..“ און זי איז שטילינקערהייט אַרויס פון שפּיזאַרנע, איז אויף די ציפּקעלאַך דורכגעגאַנגען דעם צימער, וואו די מאַמע איז

געשלאָפן, איז אַריין צו זיך, האָט זיך פארקליבן אין אַ ווינקעלע און גענומען פּאַרוויגן די פּאַפּקע. אין אָנהייב האָט אַפילו די שטימע ביי איר שטאַרק געציטערט, נאָר ביסלאַכ־ווייס איז איר געוואָרן לייכטער און זי האָט זיך באַרואיקט. באַלד האָבן זיך אָבער דערהערט קולות.

—וויי מיר ניט געשען. ניט געדאַכט זאָל עס ווערן! אַזאַ מזיק! ניט אָפּצוטרעטן פון דאַנענט אַהין! אַפּססיק! דו טרייפענע האַלדז! אַפּססיק!!..

—וואָסי? וואָסי דאָרטן? האָט זיך דערהערט די מאַמעס שטימע.

—די קאַץ האָט שוין אָנגעמאַכט אַ חתונה אַ ריכטיקע! אויף איין מינוט זיך אָפּגעקערט, און זי איז שוין אַריין אין שפּיזאַרזע, צעבראָכן דעם טעפּל מיט די שמאַנט!

ווער קען דאָס האַלטן אַזאַ מזיק אין שטוב? אַרויס־טרייבן מיט אַ קלאָג!.. ניין, איך וועל איר דאָס ניט שענקען! וואו איז אָקאָרשט דער בעזים?

רייזעלע האָט געציטערט ווי אַ בלאַט, באַלד וועט מען מוציקלען באשטראָפן, מינע איז דאָך אַזוי אין כעס. אַי וועט זי מוציקלען געבן! אַי וועט זי אים שלאָגן! און ווער איז שולדיק? זי—רייזעלע. זי האָט שוין וועסט געמאַכט אַ באַווע־גונג, כּדי צו לויפן אין קיך און דערציילן, אַז מוציק איז ניט שולדיק. נאָר וויי—וויי—רייזעלע איז דאָך געבליבן זיצן אויף אַן אָרט.

און מוציקל איז קוים אַ לעבעדיקער אַרויס פון מינעס הענט. די אומגליקלאַכע קאַץ האָט ביטער געיאָמערט, געמיויקעט געקוויטשעט, צעריסן דאָס האַרץ פאַר רחמנות.

רייזעלע האָט ניט געקאָנט הערן די קולות. זי האָט פאַרשטעלט דעם פּנים מיט די הענט און ביטער זיך פונאַנ־

דערגעוויינט.

—וואָס וויינסטו? האָט זי מיטאמאָל דערהערט לעבן זיך א באקאנטן קול און דער מאמעס צערטלאכע האנט האָט זי גענומען גלעטן איבערן קעפּעלע.

— אוי, די קעצעלע!... אוי מאמע!...

—וויין ניט, נאַרעלע־! מוציקל האָט פּארדינט די שטראָף. זאָל זי ניט זיין קיין נאשערקע, מער וועט זי שוין אזא זאך ניט טאָן! בארואיק זיך, מיין ליב טייער מיידעלע!

רייזעלע האָט זיך אָבער לאנג ניט געקאָנט באַרואיקן. די מאמע האָט זי גענומען אויף די הענט און דערציילט איר א וואונדערשיינע מעשהלע, צוגעזאָגט איר געבן א טייערע זאך.

ג׳

אַ גאַנצן טאָג איז רייזעלע געווען אומעטיק און פאַר־טראַכט. ביינאַכט, אַז זי האָט זיך געלייגט שלאָפן, האָט זי געזען בייזע חלומות. די חלומות האָבן זי געמאַטערט און געשראָקן. רייזעלע האָט זיך געוואָרפן און געשליידערט אין בעט, זיך קיין אָרט ניט געקאָנט געפינען.

מיטאַמאָל האָט זי זיך אויפגעכאַפּט. עפּעס אַ וואַרימע חייכע זאך האָט זיך צו איר צוגערירט. זי איז אויפגעשפרונ־גען פאַר שרעק און גענומען זיך אַרומקוקן. אין צימער איז געווען שטאָק־פינסטער. און אין דער פינסטערניש האָבן גע־בליטשטשעט צוויי ברענענדיקע פלעמעלאך.

וואָס קען דאָס זיין? באַלד האָט זי דערקענט. דאָס זיינען קעציישע אויגן. אַ קאַץ איז געשטאַנען אויף איר בעט און געקוקט אויף איר מיט די פייערדיקע אויגן. רייזעלע האָט געוואָלט אַ געשריי טאָן, נאָר די קאַץ האָט אויפגעהויבן

אַ לאַפּקע. רייזעלע האָט פאַרשטאַנען, אַז מע מוז שווייגן־
די קאַץ איז צוגעגאַנגען נעענטער צו רייזעלען, און דייטלאַך
אַרויסגערעדט: קום מיט מיר! רייזעלע האָט זיך געשראָקן
און געמאַכט מיטן קאָפּ אויף ניט. די קאַץ האָט אָבער נאָכ־
אַמאָל איבערגעחזרט: „קום מיט מיר!“

רייזעלע האָט געמוזט פאָלגן און איז אַוועק נאָך דער
קאַץ, די קאַץ האָט פונאַנדערגעעפנט די טיר און איז פאַר־
פאַלן געוואָרן אין פינסטערן קאָרידאָר. אַזוי זיינען זיי גע־
נאַנגען און געגאַנגען פריער דורך איין טיר, דערנאָך דורך
אַן אַנדערער. ס'איז געווען אַזוי פינסטער, אַז רייזעלע וואָלט
געוויס ניט געטראָפן דעם וועג, ווען די קאַץ וואָלט זיך פון
צייט צו צייט ניט אומגעקערט צו איר מיט די פייערדיקע
אויגן. די קעצישע אויגן האָבן ווי צוויי לאַמטערנען באַלויכטן
דעם וועג. וואוהין זיי גייען האָט רייזעלע ניט געקאָנט פאַר־
שטיין. פרעגן האָט זי מורא געהאַט.

אַזוי זיינען זיי געגאַנגען לאַנג, לאַנג.

מיטאמאָל האָט זיך די קאַץ אָפּגעשטעלט און דריי
מאָל אַ קלאַפּ געטאָן אין וואַנט. די וואַנט האָט זיך פונאַנ־
דערגערוקט און רייזעלע האָט דערזען אַ העל באַלויכטענעם
זאַל.

—קום!—האָט געזאָגט די קאַץ, באַמערקנדיק, ווי ריי־
זעלע מאַכט אַ באַוועגונג ווי צו אַנטלויפן. זיי זיינען ביידע
אַריין אין זאַל און די וואַנט הינטער זיי האָט זיך ווידער
פאַרמאַכט.

ד.

דער זאַל, וואו רייזעלע האָט זיך געפונען, איז געווען
עפּעס גאָר אַ מאָדנער. אין די ווענט האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט
די אַלע פאַרבן פון רעגנבויגן. רייזעלע האָט זיך גוט צוגע־

קוקט און זי האָט באַמערקט, אַז איין וואַנט איז פון אויבן ביז אַראָפּ באַדעקט מיט בלישטשעדיקע זשוקעס. פון באַלטן האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן פּראַכטפולע קרענצעלאַך. רייזעלע איז דערשטוינט געוואָרן, ווען זי האָט דערזען אויף זיי אָן אַ שיר גלי-ווערימלאַך. די גלי-ווערימלאַך האָבן מיט זייער שיין באַלויכטן דעם זאַל.

אן אנדער וואַנט איז געווען פאַרצויגן מיט פּילפּאַרביקע גירלאַנדעס. אָבער די גירלאַנדעס זיינען געווען געפלאָכטן ניט פון בלומען. דאָס זיינען אַרומגעפלויגן פייגעלאך און מיט די פאַרשיידנפאַרביקע פעדערלאַך געמאַכט אַן איינדרוק פון בלומען.

פאַר גרויס וואונדער האָט רייזעלע גאָר פאַרגעסן די שרעק. באַלד אָבער איז זי ווידער אַ צעציטערטע געוואָרן. עמיצער האָט זיך געווענדעט צו איר מיט אַ בייזער שטימע:

—קום אַהער צו מיר, דו מענטשנס קינד!

דאָס האָט גערעדט דער לייב, דער קייסער פון די חיות. ער איז געזעסן אויף אַ הויכן טראָן מיט אַ קרוין אויפן קאָפּ.



רייזעלע האָט קיין טראָט ניט געקאָנט מאַכן, אזוי האָבן געציטערט ביי


ש·האפטאן

איר די קני. דאַן האָט דער לייב אַ וואונק געגעבן און צוויי הינט זיינען צוגעגאַנגען צו רייזעלען און צוגע-פירט זי צום קיי-סערס טראָן. דער לייב האָט בייז אַ קוק גע-טאָן אויף איר און זיין שטימע האָט ווי-דער געדונערט:

— דאָס האָסטו זיך אזוי באגאנגען מיט מוציקלען?

רייזעלע האָט אראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ.

—מוציקל! האָט אויסגערופן דער לייב—קום אהער און דערצייל פאר אלעמען, אין וואָס דו באשולדיקסט דאָס מיידל!

די קאץ, וואָס האָט געבראכט רייזעלען, איז צוגעגאַנ-גען צו איר נאָענט. ערשט איצט האָט רייזעלע דערקענט, אז דאָס איז איר קעצל-מוציקל.

מוציקל האָט אָנגעהויבן הויך אויפן קול צו דערציילן אַלץ, וואָס עס האָט פּאסירט.

און אז זי האָט געענדיקט, האָט זי גענומען שרעקלאַך צו מיוקען און צו יאָמערן. משמעות, זי האָט נאָך אלץ געפילט

די ווייטאָקן און ניט געקאָנט פארגעסן די עוולה. די דער-ציילונג האָט געמאכט אויף אלעמען א שטארקן רושם. דער קייסער פון די חיות האָט נאָך שטרענגער א קוק געטאָן אויף רייזעלען.

—נו, קענסטו זיך פארענטפערן?

רייזעלע איז געפאלן אויף די קני און ביטער זיך פונאנדערגעוויינט:

—וויי איז מיר! ווינד איז מיר! וואָס האָב איך געטאָן? וואָס האָב איך געטאָן?...

אין א ווײַלע ארום האָט זיך דער לייב געשטעלט און אויסגערופן:

—דערפאר וואָס דאָס מיידל האָט פארביטערט דאָס לעבן פון אונזער חבר מוציקלען. זאָל זיך קיינמאָל אויף איר פנים קיין פריילאַכע מינע ניט ווייזן! די דאזיקע שטראָף האָט זי כשר פארדינט, נאָר אפשר האָט ווער צו זאָגן א גוט וואָרט וועגן איר? אפשר וויל זי ווער פאַרטיידיקן?

דאָ איז ארויסגעטראָטן אן אלטער הונט, ווייזט אויס, א געלערנטער.

— אַדוני-קיניג! — האָט ער זיך געווענדעט צום לייב — דאָס מיידל האָט טאַקע אָפּגעטאָן זייער אַ מיאוסע זאַך, דאָך אָבער האָט זי ניט פאַרדינט אַזא האַרבע שטראָף. קוק זיך איין! זע, ווי זי האָט חרטה אויף דעם, וואָס ס'איז געווען! מער וועט זי שוין געוויס ניט טאָן אַזאַ זאַך!... פרעג זיך נאָך ביי די פאַרזאַמלטע און הער זיך צו צו דעם, וואָס זיי וועלן דיר דערציילן וועגן איר!

דער קייסער האָט געוואָרפן אַ בליק אויפן עולם.

— טשיליק! טשיליק! האָבן אויסגעשריען די וואָראָביי-טשיקעס — אונז האָט זי געוואָרפן קערנדלאַך, בשעת מיר האָבן ווינטער געהונגערט!

—טשיק. טשיק! טשיק!—האָבן זיך אַרויסגעכאַפּט די שוואַלבן—אונז האָט זי געגעבן וואָל און פוך, בשעת מיר האָבן געבויט אונזערע נעסטן!

—אַז איך האָב פאַרשטאָכן די לאַפּע מיט גלאָז, האָט מיר דאָס מיידעלע אַרומגעוואַשן די וואונד און פאַרבונדן מיט אַ טיכעלע!—האָט דערציילט דאָס הינטל מאָפּסיק.

די פישעלאַך האָבן זיך אויך אָנגענומען פאַר רייזעלען.

—פאַר אונז האָט זי געוואָרפן קערנדלאַך אין וואַסער!

—אדוני-קיניג!—האָט זיך ווידער געווענדעט דער אַלטער הונט צום לייב—דו זעסט, אַז דאָס מיידל איז גאָר ניט קיין שלעכטע. זי האָט ניט פאַרדינט אַזאַ האַרבע שטראָף.

—גערעכט! האָט זיך אָפּגערופן דער לייב—נאָכדעם, ווי איך האָב אַלץ אויסגעהערט, וועל איך די שטראָף פאַרלייכטערן!

און ער האָט געגעבן רייזעלען אַ פלעשעלע מיט אַ ביטערן וועסערל און געזאָגט איר אַזוי: וואָס זי זאָל ניט עסן, זאָל זי אַהין אַריינגיסן אַ טראָפּן פון דעם דאָזיקן ביטערן וועסערל. דאָס וועט זיין איר שטראָף. און דאַן ווען דאָס וועסערל וועט אויסגיין, וועט פאַרגיין איר שולד.

## ו.

אַז דער לייב האָט געענדיקט ריידן, האָבן אַלע פליגעלאַך מיטאַמאָל גענומען מאַכן מיט די פליגעלאַך און זשומען. די זשוקעס און די גלי-ווערימלאַך האָבן רייזעלען אַרומגערינגלט און גענומען שוועבן און דרייען זיך אַרום איר. רייזעלע האָט קיין זאַך ניט געזען. נאָר בלישטשעדיקע פינקלדיקע פונקען. פלוצלונג איז אַלץ פאַרפאַלן געוואָרן און זי איז געבליבן אַליין אין פינסטערן צימער. זי האָט געוואָלט

אַרויסגיין פון דאָרט, נאָר בשום אופן ניט געקאָנט. דאַן האָט זי דערלאַנגט אַ שרעקלאַכן געשריי און—ברייט פונאַנדערגע-עפנט די אויגן.

ס׳איז ווידער ליכטיק געווען און זי האָט דערזען לעבן זיך די מאַמען.

—רייזעלע, וואָס איז מיט דיר, טייערינקע?—האָט די מאַמע געפרעגט—דו האָסט אַזוי הויך געשריען פון שלאָף?

—מאַמינקע, מאַמינקע!—די קאַץ האָט זיך באַקלאָגט אויף מיר און איך מוז דערפאַר טרינקען ביטערע טראָפּנס פון דעם פלעשעלע!... רייזעלע האָט פונאַנדערגעעפנט דאָס הענטעלע—אָבער דאָרט איז קיין זאַך ניט געווען.

—די קעצעלע?—האָט די מאַמע איבערגעפרעגט—האָב קיין מורא ניט, נאַרעלע, זי וועט דיר גאָרנישט ניט טאָן!

רייזעלע האָט אַרומגענומען מיט ביידע הענט די מאַמען און מיט טרערן אין די אויגן דערציילט איר אַלץ, וואָס זי האָט נעכטן אָפּגעטאָן און ווי אַזוי דער לייב האָט איר דערפאַר געמישפּ׳ט.

—ס׳איז אַ חלום, מיין קינד, האָט איר די מאַמע גענומען טרייסטן.

—אָבער די ביטערע טראָפּעלאך? האָט זיך רייזעלע ניט געקאָנט באַרואיקן.

—די ביטערע טראָפּעלאַך, טייערינקע, האָבן זיך שוין אויסגענומען, דו האָסט דאָך הרטה, געהאַט אויף דעם, וואָס דו האָסט געטאָן. קלעם זיך ניט רייזעלע, וועסט ווידער זיין פריילאַך ווי פריער, איצט שלאָף איין, מיין קינד, איך מיט מוציקלען זיינען דיר מוחל!



דער פארלאַג „די נייע יידישע פאָלקסשול" האָט שוין אַרויסגעגעבן פאָלגנדיקע ביכער:

## א) לערנביכער:

1. אילוסטרירטער אַריטמעטישער רעכנבוך (פאַרן 1־טן לערניאָר) באַארבעט לויט שטעקלין און אנדערע פון ש. באַסטאָמסקי. (2 אויפלאַגעס)

2. אַריטמעטישער רעכנבוך (ערשטער הונדערט) באַא־בעט לויט שטעקלין און אנדערע פון ש. באַסטאָמסקי.

3. אַריטמעטישער רעכנבוך (ערשטער טויזנט) פון ש. באסטאמסקי. (5 אויפלאַגעס)

4. אַריטמעטישער רעכנבוך (בלערליי צאָלן). פון ש. באסטאמסקי. (4 אויפלאַגעס)

5. אַריטמעטישער רעכנבוך (ברוכצאָלן) (4 אויפלאַגעס) פון ש. באסטאמסקי און ל. הורוויץ. מיט א ביילאגע פון דער טערמינאלאגיע פון אריטמעטיק אויסגעארבעט פון א קאמיסיע ביי דער ווילנער יידישער לערער־געזעלשאַפט.

6. ש. באַסטאָמסקי און מ. חיימסאָן—„לעבעדיקע קלאַנגען" אַ רייך־אילוסטרירטער א"ב

7. " „לעבעדיקע קלאַנגען" כרעסטאָמאַטיע פאַרן ערשטן לערניאָר

די „לעבעדיקע קלאַנגען" זיינען באַשטעטיקט פון א קאָמיסיע לערער ביים ווילנער צ. ב. ק.

אינגיכן ערשיינט—„לעבעדיקע קלאַנגען"— כרעסטאמאטיע פארן 2־טן לערניאר.
פון ש. באַסטאָמסקי און מ. חיימסאָן.

„דער נייער לערער"—זאמלונג פון שריפטלאכע איבונגען ווי אזוי אויסצוליגן די געדאנקען.

אַריטמעטישער רעכנבוך—לעצטער טייל (פראָצענטן, דיסקאָנט, דרייכללי א. א.)

מעטאָדישע אָנווייזונגען צו „די לעבעדיקע קלאַנגען" מיט א פרווו־פראָגראַם פון יידיש פאַר דעם 1־טן לערניאָר.

## ב) ביכער פאר קינדער:

פון ש. באסטאָמסקי

פאַר יינגערע:

1) יעקעלע נאַר, 2) יודע דער וואַסערטרעגער און זיינע מעשיות 3) מזל, 4) צוויי מתנות, 5–6 א) דער נס, ב) דער צדיק, 7) דער בוים און דער ווינט, 8) יינגל–צינגל, 9) די אמתע כלה, 10) דריי מענטשעלאך 11) קארווזא, 12) דער ליגנער, 13) די נאשערקע, 14–15) מעשהלאך פון עזאפ (2 העפטן), 16) כישופמאכער און זון, 17) גיובערהאָפען, 18) דער פארשלאָסענער קאסטן, 19) לעגענדעס פון אמאָל, 20) דער קונדס (זאמלונג פון רעטענישן, רעבוסן, אויפגאַבן א. א.).

פאַר עלטערע:

1) פריטיאָף נאַנסען און זיין רייזע צום צפונדיקן פאָלוס (אילוסטרירט), 2) אין דער נאַכט פון בדיקת חמץ 3) י. ל. פרץ (זאַמלבוך), 4) דייוויד ליווינגסטאָן, זיין לעבן און זיינע רייזעס איבער אפריקע, 5) הענרי סטענלי און זיינע רייזעס, 6) ווי אזוי קאָלומבוס האָט אנטדעקט אמעריקע (אילוסטרירט) 7) זאלץ, 8) מרדכי אַנטאָקאָלסקי ביאָגראַפיע (רייך אילוסטרירט)

קינדערפיעסעס:

1) פרילינג קומט! פאַנטאַסטישע קינדער-פיעסע אין 2 אַקטן מיט געזאַנג און טענץ.

## ג) מאַטעריאַל צום יידישן פאָלקלאָר:

1. יידישע פאָלקסרעטענישן, (2 אויפלאַגעס) געזאַמלט און דערקלערט פון ש. באסטאמסקי.

2. זאַמלונג פון יידישע שפּריכווערטער פאַר שול און פאַמיליע

3) „ביים קוואַל“ צוזאַמענגעשטעלט פון ש. באסטאמסקי. יידישע שפּריכווערטער, ווערטלאַך, רעדנסאַרטן, פאַרגלייכענישן, ווינטשענישן, ברכות, שבועות קללות, הרמות, סימנים, סגולות, און זאַבאַבאָנעס. געזאַמלט און דערקלערט פון ש. באסטאמסקי.

4) „ביים קוואַל“ II באַנד: יידישע פאָלקסלידער געזאַמלט פון ש. באסטאָמסקי.

---

מיט באַשטעלונגען זיך ווענדן לויטן אַדרעס: ווילנע סטעפן נאָס 24, 28.11.

דער פארלאג „די נייע יידישע פאָלקסשול" האָט שוין אַרויסגעגעבן פאָלגנדיקע ביכער:

## א) לערנביכער:

1. אילוסטרירטער אַריטמעטישער רעכנבוך (פאַרן 1-טן לערניאָר) באַארבעט לויט שטעקלין און אנדערע (2 אויפלאגעס) פון ש. באַסטאָמסקי.

2. אַריטמעטישער רעכנבוך (ערשטער הונדערט) באַארבעט לויט שטעקלין און אנדערע פון ש. באַסטאָמסקי.

3. אַריטמעטישער רעכנבוך (ערשטער טויזנט) (5 אויפלאַגעס) פון ש. באַסטאמסקי.

4. אַריטמעטישער רעכנבוך (פולע צאָלן). (4 אויפלאַגעס) פון ש. באַסטאמסקי.

5. אַריטמעטישער רעכנבוך (ברוכצאָלן) (4 אויפלאַגעס) פון ש. באַסטאמסקי און ל. הורוויץ. מיט אַ ביילאגע פון דער טערמינאלאגיע פון אַריטמעטיק אויסגעארבעט פון אַ קאמיסיע ביי דער ווילנער יידישער לערער-געזעלשאַפט.

6. ש. באַסטאָמסקי און מ. חיימסאָן—„לעבעדיקע קלאַנגען" אַ רייך-אילוסטרירטער א"ב

7. „לעבעדיקע קלאַנגען". כרעסטאָמאַטיע פאַרן ערשטן לערניאָר
די „לעבעדיקע קלאנגען" זיינען באשטעטיקט פון אַ קאָמיסיע לערער ביים ווילנער צ. ב. ק.

איננוכן ערשיינט—„לעבעדיקע קלאַנגען"— כרעסטאמאטיע פאַרן 2-טן לערניאָר. פון ש. באַסטאָמסקי און מ. חיימסאָן.

„דער נייער לערער"—זאמלונג פון שריפטלעכע איבונגען ווי אזוי אויסצולייגן די געדאנקען.

אַריטמעטישער רעכנבוך—לעצטער טייל (פראָצענטן, דיסקאָנט, דרייפּלליי א. א.)

מעטאָדישע אָנווייזונגען צו „די לעבעדיקע קלאנגען" מיט אַ פרווו-פּראָגראַם פון יידיש פאַר דעם 1-טן לערניאָר.

## ב) ביכער פאר קינדער:

פון ש. באסטאָמסקי

**פאר יינגערע:**

1) יעקעלע נאַר. 2) יודע דער וואַסערטרעגער און זיינע מעשׂיות 3) מזל. 4) צוויי מתנות. 5–6 א) דער נס. ב) דער צדיק. 7) דער בוים און דער ווינט. 8) יינגל–צינגל. 9) די אמתע כלה. 10) דריי מענטשעלאך 11) קארוזא. 12) דער ליגנער. 13) די נאשערקע. 14–15) מעשׂהלאך פון עזאפ (2 העפטן). 16) כישופמאכער און זון. 17) גיובערהאַפען. 18) דער פארשלאָסענער קאסטן. 19) לעגענדעס פון אמאָל. 20) דער קונדס (זאמלונג פון רעטענישן, רעבוסן, אויפגאבן א. א.).

**פאר עלטערע:**

1) פריטיאָף נאַנסען און זיין רייזע צום צפונדיקן פּאָלוס (אילוסטרירט). 2) אין דער נאַכט פון בדיקת חמץ 3) י. ל. פרץ (זאַמלבוך). 4) דייוויד ליווינגסטאָן, זיין לעבן און זיינע רייזעס איבער אפריקע. 5) הענרי סטענלי און זיינע רייזעס. 6) ווי אזוי קאלומבוס האָט אנטדעקט אמעריקע (אילוסטרירט) 7) ואלין. 8) מרדכי אַנטאָקאָלסקי ביאָגראַפיע (רייך אילוסטרירט)

**קינדערפיעסעס:**

1) פרילינג קומט! פאַנטאַסטישע קינדער-פיעסע אין 2 אַקטן מיט געזאַנג און טענץ.

## ג) מאטעריאל צום יידישן פאלקלאר:

1. יידישע פאָלקסרעטענישן. (2 אויפלאַגעס) געזאַמלט און דערקלערט פון ש. באסטאמסקי.

2. זאַמלונג פון יידישע שפּריכווערטער פאר שול און פאַמיליע

3) „ביים קוואל" צוזאַמענגעשטעלט פון ש. באסטאמסקי.
יידישע שפּריכווערטער. ווערטלאַך רעדנסאַרטן, פאַרגלייכענישן, ווינטשעניש, ברכות, שבועות קללות, הרמות, סימנים, סגולות, און זאַבאַבאָנעס.
געזאַמלט און דערקלערט פון ש. באסטאמסקי.

4) „ביים קוואַל" II באנד: יידישע פאָלקסלידער
געזאַמלט פון ש. באסטאָמסקי.

---

מיט באַשטעלונגען זיך ווענדן לויטן אַדרעס: ווילנע סטעפּן גאַס 28.11,24